ב. אָרשאנסקי

# אין דעם בלאָען קעסטעלע



מעלוכע-פאַרלאַג פון ווייסרוסלאַנד
מינסק — 1927

# סטאָי!

געדענק איך אַמאָל אַ האַרבסטיקע נאַכט אין אַ טיפֿן געדיכטן וואַלד...

איך און אַדאָלף זיצן מיר אויף אַ פֿור, און צוזאַמען מיט אונדז—עטלעכע ספּעקולאַנטן, וואָס האַנדלען מיט סאַכאַרין, מיט דאָלאַרן און נאָך אַזעלכע מינים סכוירעס.

פֿאָרן מיר אַזוי... אייגנטלעך פֿאָרן מיר ווייניק. מיר גייען מער, ווי מיר פֿאָרן. ווייל קיין וועג איז ניטאָ, עפּעס קוים דורכ-געטראָטענע קליינע וואַלד-וועגעלעך, קרומע, פֿאַרבלאָטיקטע. שוין עטלעכע שאָ, ווי עס שיט אַ גרויסער שניי, און די בלאָטע איז גע-וואָרן געדיכט, קוים וואָס דער וואָגן שלעפּט זיך. און אַזוי ווי דער וואָגן איז געפּאַקט מיט מענטשן, איז שוין אונדז ליבער צו גיין בײַ דער זייט פֿון וועג, איידער צו פֿאָרן מיטן פֿור.

אַגעוו, אַז מיר גייען בײַ דער זייט פֿון וועג, איז מעגלעך דורכצורײדן זיך, קיינער וועט אונדז ניט הערן, און מיר קאָנען ריידן, וואָס מיר דאַרפֿן.

און דורכשמועסן זיך איז דאָ וועגן וואָס.

מיר ביידע פֿאָרן פֿון ליטע קיין רוסלאַנד. ביידע פֿאָרן מיר אַפֿן פֿערטן קאָנגרעס פֿון קאָמינטערן. דאָס איז געווען אין 1922 יאָר. ער איז צונויפֿגעפֿאַלן מיטן פֿינפֿטן יאָרטאָג פֿון דער אָק-טיאַבר-רעוואָלוציע.

שוין צוויי וואָכן, אַז איך גרייט זיך צו דער רייזע, און די גאַנצע צוויי וואָכן בין איך אומרויִק איבער איין געדאַנק—צי וועלן מיר ניט אַרײַנפֿאַלן אין די הענט פֿון פּאָליציי...

און מוירע געהאַט האָב איך מער פאַרן כאַווער אַדאָלף איידער פאַר זיך. איך האָב געהאַט ניט קיין שלעכטן פּאַס. אין ערגסטן פאַל באַשטראָפט מען מיך און גאָר, אָבער דער כ׳ אַדאָלף איז נאָר וואָס אַנטלאָפן פון טפיסע, און אויב מע וואָלט אים געכאַפּט, וואָלט שוין געווען שלעכט.

האָבן אונדזערע כאַווײרים אַלע מיטלען אָנגענומען, מיר זאָלן ווי מעגלעך זיכער אַריבער די ליטווישע גרענעץ.

ווער איז דער כאַווער אַדאָלף?

איר האָט מיסטאָמע ניט לאַנג געלייענט אין די צייטונגען, אַז די ליטווישע פאַשיסטישע רעגירונג האָט דערשאָסן פיר ליטווישע קאָמוניסטן, צווישן זיי איז אויך געווען אַ יונגער כאַווער, אַ מיטגליד פון צעקא פון דער ליטווישער פאַרטיי, דער כאַווער קאַרל פּאָזשעלאַ. אָט דערדאָזיקער כאַווער קאַרל האָט געהאַט אַ צונעמעניש אַדאָלף. מיר ביידע זיינען דאָס געפאָרן אַפן פערטן קאָנגרעס פון קאָמינטערן, געשיקט פון די ליטווישע כאַווײרים.

די ליטווישע גרענעץ זיינען מיר אַריבערגעגאַנגען, און מיר גייען שוין איבער דער פוילישער טעריטאָריע. מיר זוכן ווי עס איז אַ וועג צו אַ קליין שטעטעלע, אַ באַנסטאַנציע, פון וואַנען מיר רעכענען זיך דערקלייבן קיין ווילנע און פון דאָרט צו דער רוסישער גרענעץ.

פאַרשטייט איר שוין, אַז מיר האָבן געהאַט וועגן וואָס צו ריידן. די ערשטע זאַך האָבן מיר געדאַרפט אָפּריידן, ווי זאָלן מיר זיך האַלטן אין פאַל, אויב מע אַרעסטירט אונדז. און מיר האָבן טאַקע אָפּגערעט.

— איך בין אַ רעזשיסער. אַמאָל, נאָך אין 1919 יאָר האָבן די באָלשעוויקעס נאַציאָנאַליזירט מיין טעאַטער, וואָס איך האָב געהאַט אין מאָסקווע. דאַן בין איך אַנטלאָפן קיין אויסלאַנד. איך בין געווען אין בערלין. די ערשטע יאָרן איז געווען ניט שלעכט, שפּעטער, אַז די דייטשישע וואַלוטע האָט אָנגעהויבן פאַלן, איז דאָרט געוואָרן אוממעגלעך צו לעבן. אין רוסלאַנד איז דערווייל גע-

וואָרן „נעפּ״, מע קאָן עפּענען טעאַטערן. פאָר איך פון בערלין אַהיים קיין וויטעבסק.

— און איך—זאָגט דער כ׳ אַדאָלף—בין אַ סטודענט פון געוועזענעם יוריעווער אוניווערסיטעט, וואָס האָט זיך אריבערגעקליבן קיין וואָראָנעזש. הייסן הייס איך לעסקאָוו. באַ מיין פאָטער האָט מען קאָנפיסקירט די מיל און דעם ניטגרויסן מאַיאָנטיק. בין איך אַוועקגעפאָרן קיין אויסלאַנד. איך האָב זיך אין קעניגסבערג געלערנט. איצט קערט מען אום דעם טאַטן די מיל, עס איז אין רוסלאַנד רויִקער, עס ציט אַהיים...

אַזוי האָבן מיר אָפגערעט.

אונדזערע ביידנס געדאַנקען זיינען געווען דאָרט, אין פרייען רוסלאַנד, ווו מיר קענען זיך פילן פריי, ווו מיר דאַרפן זיך ניט גאַנווענען דורך פאַרשיידענע בלאָטיקע און קאַלטע נעכט...

ביידע האָבן מיר זיך אַריבערגעטראָגן מיט אונדזערע געדאַנקען אין לענינגראַד, ווו עס האָט, לויט די ידיעס, וואָס מיר האָבן געהאַט, געדאַרפט פאָרקומען די ערשטע פייערלעכע דערעפענונג פון פערטן קאָנגרעס. מיר געדענקט זיך אויסגעצייכנט אָט דידאָזיקע עטלעכע שאָ. איך האָב בוילעט געזען לענינגראַד מיט אירע נאָך אַלץ אַריסטאָקראַטישע פארבליבענע גאַסן; איך האָב געזען דעם לענינגראַדער פּראָלעטאַריאַט, די קאָלאָסאַלע דעמאָנסטראַציע, וואָס ער אָרדנט איין די געקומענע געסט, די פאָרשטייער פון אַלוועלטלעכן פּראָלעטאַריאַט.

עס האָט געשאָטן אַ גרויסער געדיכטער שניי, וואָס איז, אייגנטלעך, געווען מער רעגן איידער שניי. איך בין אינגאַנצן געווען אַ דורכגענעצטער, איך האָב גענומען פיבערן. אבער דאָס אַלץ איז ערגעץ געווען ווייט-ווייט פון מיר. איך בין געווען אין לעגענדאַרן לאַנד, אין רוסלאַנד, איך האָב געזען דאָס נייע רוסלאַנד, וואָס האָט זיך שוין אַביסעלע אָפגעבויט, אַביסעלע אָפגעוואשן זיך, אַביסעלע אָפגעגעסן... ווייל איך בין אַוועקגעפאָרן פון רוסלאַנד אין 1921-טן יאָר, ווען עס איז געווען אַלץ צושטערט, צובראָכן, שמוציק און זייער הונגעריק.

מײַן כאַװער, אַדאָלף, איז נאָך מער געװען פֿאַרטאָן אין דעם געדאַנק װעגן רוסלאַנד. ער האָט רוסלאַנד קײנמאָל ניט געזען, ער איז אין רוסלאַנד קײנמאָל ניט געװען. פֿאַר אים איז דאָס טאַקע געװען אַן עמעסע לעגענדע...

זײַנען מיר בײדע אַזױ געװען פֿאַרטאָן אין זיך, פֿאַרנומען מיט אונדזערע געדאַנקען, מיט אונדזערע פֿאַנטאַזיעס.

ערשט מיטאַמאָל — — —

— סטאָי! . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

## אַ „װעלאָסיפּעד"...

מען האָט אונדז מיט אַ צענדליק שיקורים אַרײַנגעװאָרפֿן אין אַ גרױסן הױכן צימער, ענלעך אַף אַ שטאַל: די פֿענצטער מיט גראַטעס, מיט אױסגעזעצטע שױבן, די װענט נאַסע, דער דיל אַ ברודנער...

אַפֿן דיל, אין ברוד, האָט זיך געװאַלגערט עפּעס אַ כראָפּענדיקער שיקער און אַרום אים האָבן זיך געאײַסעקט מיט אַ קײכעניש פֿאַר געלעכטער די איבעריקע אַרעסטירטע. אײנער, אַפּאָנים, אַ ספּעץ אַף די זאַכן, האָט אים געמאַכט אַ „װעלאָסיפּעד"... אין זע אָבער, קינדער, אַז איר פֿאַרשטײט גאָר ניט, װאָס הײסט אַ „װעלאָסיפּעד"? אַפּאָנים, אַז איר זײַט אין קײן צאַרישער טפּיסע קײנמאָל ניט געזעסן, מוז איך אײַך דערצײלן: אַ „װעלאָסיפּעד" הײסט, אַז מע נעמט אַ פּאָר שטיקלעך לאַנגע פּאַפּיר און מע שטעקט אַרײַן צװישן די פֿינגער פֿון די פֿיס אַזאַ אַרעסטירטן, װאָס איז אָדער שיקער, אָדער ער שלאָפֿט זײער שטאַרק. די דאָזיקע פּאַפּירלעך צינדט מען אונטער, און אַז דער פֿײַער דערגײט ביזן לײַב, הױבט דער קאָרבן אָן צו דרײען פֿלינק מיטן פֿוס, װי אַ ראָד פֿון אַ װעלאָסיפּעד.

איז אָט, שטײען אַלע איבעריקע אַרעסטירטע אַרום דעם שיקער, װאָס ליגט אינמיטן צימער, און מע מאַכט אים אַ „װעלאָסי-

פּעד״, זיי לאַכן און קוועלן אָן, ווען דער שיקער, וואָס קאָן זיך פאַר קיין פאַל נים אופכאַפּן פון שלאָף, דרייט מיט דער פוס און ברומט, ווי אַ ווילדע כאַיע.

פאַר אונדזביידן איז אַזאַ שפּיל ניט געווען קיין נייס, ווייל מיר זיינען ביידע געזעסן אין טפיסע נאָך אין די צאַרישע צייטן, אָבער פונדעסטוועגן האָט דאָס אַף אונדז געמאכט אַ שוידערלעכן איינדרוק.

ערשט נעכטן באַנאַכט זיינען מיר געווען אַפן זיבעטן הימל. מיר זיינען מיט אונדזערע געדאַנקען געווען אין מאָסקווע, מיר האָבן שוין געעטעמט מיט דער לופט פון פראָלעטארישן פאָטער-לאַנד, מיר זיינען שוין געווען אַף די זיצונגען פון קאָמינטערן... און אינמיטן דעריינען זיינען מיר אָפּגעשליידערט געוואָרן ערגעץ אַף אַ דעק פון אַ שוידערלעכערווירקלעכקייט, וואָס דערמאָנט אַף עפּעס אוראַלטע ווילדקייטן...

און, אַפּאָנים, אז אונדז וועט אויסקומען אָנשטאָט יאָנטעוודי-קע דעמאָנסטראַציעס, אָנשטאָט מאָסקווע, אָנשטאָט קרעמל, אָנ-שטאָט קאָמינטערן זיין אין די הענט פון דער פּוילישער זשאנדאַר-מעריע, מיט איר בלוטיקער אינקוויזיציע...

מיר האָבן זיך פאַרשטעקט אין אַ ווינקעלע, אַפן הארצן איז געווען פינצטער... אונדז איז שווער געווען צו קוקן איינע אַף די אַנדערע... יעדער פון אונדז האָט שטילערהייט אוועקגעלייגט אין ווינקעלע זיין פעקל און האָט זיך אוועקגעלייגט אָן דער זייט, שטיל, איינגעהייקערט אין זיך. יעדער פון אונדז האָט געטראַכט וועגן איין און דערזעלבער זאַך:

— פינף יאָר אָקטיאבר-רעוואָלוציע — און אין טפיסע... בא די פאַרפלוכטע פּוילישע הינט...

און עס הויבט זיך אוף א שטורם אין הארצן, עס קריצן בייז און אומבאַהאָלפן די ציין.

מיין כאַווער האָט זיך מיטאַמאָל אויסגעצויגן, האָט גרויליק אריבערגעוואָרפן איין פוס איבער דער אַנדערער, האָט פאַרוואָרפן די הענט אהינטערן קאָפּ און האָט בייז ארויסגערעט:

— פֿאַרשאלטן זאָלסטו ווערן, דו פֿינצטערע פוילן! פֿינף יאָר אָקטיאבר-רעוואָלוציע גאָר אין טפּיסע.

זיינע גראָ-בלאָע אויגן, וואָס האָבן שטענדיק אזוי מילד און כאַוועריש-הארציק געקוקט אַף אַלץ און אַלעמען, האָבן געפֿינקלט מיט ראָצכישער בייזקייט און געקוקט גלאט אזוי, נאָר דערפֿאַר, ווייל די אויגן זיינען געווען אָפֿן... געזען האָט ער דאָרט גאָר-נישט, ווייל זיין גאַנצער געדאַנק איז נים געווען דאָ...

און דאָרט — לאַכט מען ווילד און מע האָט האנאָע פֿון יע-נעמס ליידן, דאָרט זידלען זיך שיקערע מיט שמוציקע קלעפּיקע ווערטער, דאָרט איז די צוויושעטע ווילדקייט.

— פֿינף יאָר לעבן, ווען זיי וואָלטן בא אים צוגענומען, צען יאָר (כאַפּט זיי דער טייוול), אָבער...

און פֿלינק אַ קריץ מיט די ציין.

— איך וועל זיך אַמאָל מיט זיי אָפּרעכענען!...

א שווערע נאַכט. אַ פֿינצטערע נאַכט. דורך די פֿאַרבלאָטיקטע שטיקלעך שייבעלעך קריכט אַמאָל דורך אַ שיטערער גרינבלאַסער שיין פֿון דער לעוואָנע, נאָר די גרויסע שטיקער שמאטע-וואָלקנס פֿאַרשטעלן אים באלד און אין גרויסן שוידערלעכן צימער הוליעט אריין דער הארבסט-ווינט, א נאַסער, א קאלטער און אַ פֿרעמ-דער...

און אַפֿן הארצן איז אויך אזוי קאלט און אזוי פֿרעמד...

און פֿאַרטאָג—אַ הילכיקער סקריפּענדיקער קאָל פֿון אַ מענטע *) רופֿט אויס איינציקווייז פֿאַמיליעס...

— לעסקאָוו!

— זעליקסאָן!

דאָס זיינען אונדזערע פֿאַמיליעס. אַזעלכע פֿאַמיליעס האָבן מיר אויסגעטראַכט פֿאַר זיך.

---

*) מענטע איז אפן טפּיסע-לאָשן א פּאָליציימאַן.

מיר הויבן זיך ניט געדרן אויף פֿון אונדזערע געלעגערס. וווהין מע זאָל אונדז ניט פֿירן, וועט דאָרט זיין ניט בעסער. מיר ווייסן עס דאַרפֿן זיך אָנהויבן די אויספֿאָרשונגען... ווען וועלן זיי זיך שוין ענדיקן? איז שוין פֿיל בעסער אין טפיסע זיצן איידער צו וואַלגערן זיך איבער אזעלכע ארעסטהייזער, איידער אָנצוקוקן די פּאָליצעיש-עקלהאַפֿטע פּעניִמער פֿון דער פּוילישער זשאַנדאַרמע-ריִע...

## דאָס יינגעלע מיטן פֿאַרשמירט פּעניִמל.

אַ נאַסער און האַרבסטיקער פֿרימאָרגן. מיר זיינען אין סטוּוענ-ציאַן. אַ שטעטל ניט קיין גרויסע, מיט פֿיל בוימער אין די גאַסן.

אַ נאַסער ווינט אין די שיטער געוואָרענע בוימער יאָקלען זיך און וואַרפֿן זיך, רוישן און ליארעמען, ווי זיי וואָלטן געווען קאַלט צו שטיין אזוי נאַקעט אַף די הארבסטיקע ווינטן.

דאָס שטעטל האָט זיך נאָר וואָס אופֿגעכאַפּט פֿון שלאָף. עס הויבן זיך אָן צו עפֿענען די קראָמען, עס צועפֿענען זיך די לאָדנס און אין די פֿאַרוויינטע פֿענצטער ווייזן זיך פֿאַרשלאָפֿענע פּעני-מער.

אונדז—א גרויסע גרופּע אַרעסטירטע—פֿירט מען צום סטאַ-ראָסטע, אַ טשינאָווניק, וואָס בא אים אין די הענט ליגט די גאַנ-צע מאַכט. פֿירט מען אונדז צו אים, און פֿון אלע קראָמען און טויערן לויפֿן ארויס פֿאַרשמאַיעטע בירגער און מע קוקט אָפֿן בייזוווּנדער.

— אַ ראַכמאָנעס נעבעך...

— אַלע טאָג פֿירט מען צו צענדליקער. ווער ווייס ווו מע טוט זיי אַהין?

— זע, עפּעס דאָרטן ניטהיגע נעז... דו זעסט אָט יענע צוויי.

אַריבערגייענדיק א גאַס אַון פֿאַרקערנדיק אַף אַ אַווייטער, האב איך צווישן אוילעם דערזען צוויי יינגלעך—איינער א יאָר פֿופֿצן און דער צווייטער עטוואָס יינגער. דער פֿופֿצניאָריקער איז געווען



אונדז, א גרופע ארעסטירטע, פירט מען צום סטאראָסטע...

אַ פּעסטגעבויטער, מיט פאַרקאַשערטע אַרבל, ווי בא א שמיד, מיט א שמידישן אויסגעשמירטן פּענימל.

און דורך דער פאַרשמירטקייט האָבן אַף אונדז געקוקט צוויי בלישטשענדיקע אויגלעך, נייגעריקע, ברענענדיקע און נאָענטע.

דאָסדאָזיקע יינגל האָט אַ שלעפּ געטאָן דעם צווייטן פאַרן אַרבל:

— דו זעסט אָן יענע, מיט די ברילן?...

—ביידע מוזן זיין...

און דער יונגער שמידל טוט א שלעפּ דעם צווייטן און זאָגט אים געהיים אָפן אויער:

— קום. . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . .

שלעפּן זיך נודנע שאָען און באַליידיקנדיקע אויספרעגענישן. עס זידן די בלוטן, עס קריצן די ציינער, עס ווילט זיך א שפּיי טאָן אין פּאַנים אָט דעם פּוילישן אויספאַרשער, וועלכער קריכט אריין צו דיר אין־דער נעשאָמע, וויל וואס עס איז דערגיין בא דיר ... און אז דער אויספאַרשער שטייט צו און ווערט איינגע־געסן, ווי א זלידנע פליג, ווער איך בייז און זאָג אים שטיל און קאַלט...

— אנטשולדיקט, צוליב וואס זאָלט איר זיך אזויפיל מא־טערן און וועלן דערגיין, אין וועלכן יאר איך בין אנטלאָפן פון רוסלאנד און דורך וועלכע וועגן איך בין געקומען קיין בערלין. איך בין א רוסישער בירגער. שיקט מיך אפּ אין רעשוס פון רוסישן געזאנדטן. ער וועט שוין פאַנאַנדערקלייבן. בין איך א פאַרברעכער, וועט ער מיך מיסטאמע שיסן, אדער הענגען.

דער אויספאַרשער האָט אופגעשטעלט אף מיר א שמייכלענ־דיק־יעזויטישן בליק, האָט אף איין מינוט אפגעלייגט אלע פּא־פּירן און האט לאנג און שפּירנדיק געקוקט אף מיר.

— אייגנטלעך ווייסן מיר גארניט, וואס פאר א בירגער איר זיינט. מיר האבן בא אייך קיינע שום דאקומענטן ניט געפונען. איר זאגט, אז איר זיינט א רוסישער בירגער, ווער קען דאס פעסטשטעלן?

— דאָס וועט פֿעסטשטעלן אונדזער „מיסיע... זי וועט אנפֿרעגן אין מיין שטעטל, זי וועט ארויספֿאדערן מיינע דאקומענטן ...

דער אויספֿארשער האט לאנג געגראבן זיך אין די פּאפּירן, האט זייער קאלט, אף צולאכעס-קאלט גענומען צונויפֿלייגן די פּאפּירן אין פּאפּקע ...

— איז ווילט איר, הייסט עס, נאָר וואס גיכער, מיר זאלן אייך אפּשיקן אהיים... צו אייך אהיים אין סאוועטישן רוסלאנד ?

— יא, דאס וויל איך.

— וועט איר אביסעלע מוזןווארטן, האט ער מיט א יעזוּיִטישן שמייכעלע ארויסגעזאגט. איר מוזט זיך, די ערשטע זאך, אביסעלע בארויִקן. איר וועט בא אונדז אפּזיצן א כאדאשים 5—6 אין טפּי-סע, וועט איר זיך אביסעלע אפּקילן, דאן וועט מען מיט אייך קענען ריידן ...

ער האט קאלט צונויפֿגענומען זיין פּאפּקע מיט פּאַפּירן און איז אַוועק צום טיר. ער האט זי שטיל געעפֿנט און האט זיך א קער געטאן צו מיר.

— צו א י ע ר יאנקעוו וועט איר אין א י ע ר מאסקווער קרעמל אלציינס גיט זיין. בארויִקט זיך.

און שטיל פֿארמאכט הינטער זיך די טיר . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

איך האָב אָנגעשפּאַרט מיין צוהיצטן שטערן אָן סלופּ פֿון גאַניק און האָב זיך געוואָלט כאָטש אַף איין ווייִלע אָפּטרייסלען פֿון דעם עקלדיקן געפֿיל, וואָס איך האָב נאָר וואָס איבערגעלעבט אין קאַנצעלאַריע פֿון דעם אויספֿארשער, איך האָב כאָטש אַף איין מינוט געוואָלט פּאָטער ווערן פֿון דער שפּיאָנישער אַטמאָס-פֿער.

איך האָב אַלע מיינע געדאַנקען צונויפֿגעקליבן און האָב זיך געפּרווט אַריבערטראָגן אַהין, אין דעם גליקלעכסטן לאַנד אַף דער וועלט, ווו עס זיינען ניטאָ קיין שפּיאָנען, קיין פּאָליצייסקע, ווו עס איז די עמעסע פֿרייהייט פֿאַר דעם אַרבעטער-קלאַס, פֿאַר יעדן-ערלעכן האָרעפּאַשנעם מענטשן.

עס איז ערגעץ פֿון אַ בלאָטיקן שטיק וואָלקן אַרויסגעקראָכן די זון און אַפֿילו דער ברודיקער האַרבסט-טאָג איז געוואָרן אביסל לעבעדיקער, פֿריילעכער. איך האָב צושפּיליעט מיין פֿוטער, דער קאַלטער ווינטל האָט מיך אָפּגעפֿרישט, און איך האָב זיך אַביסל גענומען באַרויקן.

מיטאַמאָל, אין סעדל, וואָס אַנטקעגן דעם אויספּאָרשער, אַף אַ בענקעלע שפּילט זיך מיט אַן עפּל דאָס ייִנגעלע מיט דעם שמידיש-פֿאַרשמירט פּענימל. ער וואַרפֿט אַן עפּל אינדערהויך און כאַפּט אים אונטער; ער וואַרפֿט זיינע שאַרפֿע בליקן אַף מיר, ווי אים וואָלט זיך זייער וועלן, איך זאָל אים באַמערקן.

איך טו שטאַרק אַ הוסט, ער זאָל דערהערן. ער האָט זיך אַ קער געטאָן אינגאַנצן צו מיר, איך האָב אָנגעשטעלט מיינע אויגן אף אים און האָב אַ שמייכל געטאָן.

ער האָט אויך אַ שמייכל געטאָן. ער איז אופֿגעשפּרונגען פֿון אָרט, האָט זיין עפּל אַ וואָרף געטאָן אינדערהויך, ווי אַ פּילקע און האָט אויסגעשריען אַפֿן קאָל, גאָר ניט קוקנדיק אין מיין זייט אַפֿילע.

— איר וועט אַריינגיין אין דער אַנטקעגנדיקער קראָם עפּעס קויפֿן.

# אין דעם בלאָען קעסטעלע.

געדענקט זיך מיר אַדהאַיעם דאָס פֿאַרשמירטע פֿריילעכע פּענימל מיט צוויי רייען ווייסע ציין, וואָס האָבן אַזוי גוטמוטיק געשמייכלט צו מיר, ווען איך האָב שטילערהייט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ:

— פֿאַרשטאַנען.

ער איז אַנטלאָפֿן, דאָס יונגע ייִנגעלע, און איך האָב אַ צייט לאַנג געקוקט אַף זיין שטייפֿן קערפּערל, וואָס האָט זיך פֿריילעך באַוועגט אין דעם כמאַרנעם בייזן האַרבסט-טאָג, אין דעם פֿינצטערן בלוטיקן לאַנד.

דער כאַוועער אדאָלף איז געווען אַפּן פאַרהער. אים האָט מען אויך, אַזוי ווי מיך, געהאַלטן לאַנג. מע האָט באַ אים געוואָלט דערגיין, וואָס פאַר אַ שאַיכעס ער האָט צו מיר און צי קען ער מיך. מיר האָבן ביידע אָפּגערעט, אַז מיר קענען ניט איינע די אַנדערע, אַז אונדזער באַקאַנטשאַפט איז געשלאָסן געוואָרן נאָר אַף דער פור...

ענדלעך האָט זיך פאַרענדיקט די אויספאָרשונג און מיר גייען שוין אין טפיסע.

אַפּן וועג בעט איך דעם פאָליציימאַן.

— איך וואָלט וועלן קויפן פאַפּיראָסן, עפּשער איז מעגלעך דאָ אַנטקעגן אַריינלויפן אַף איין מינוט אין קראָם?...

— יאָ איר קענט אַריינגיין, אָבער שנעלער.

— גוט.

איך שפּרינג אַריין מיט צופרידנקייט אין דער אַנטקעגנדיקער קראָם.

— פאַפּיראָסן האָט איר?

— יאָ, וועלכע דאַרפט איר?

און איידער איך האָב נאָך צייט אַרויסצורייידן אַ פּאָר ווער־טער, האָב איך שוין אין קעשענע צוויי קעסטעלעך פאַפּיראָסן און דאָס פאַרשמירטע פּעניִמל זאָגט מיר פלינק אַפּן אויער:

— אין דעם בלאָען קעסטעלע.

— — — — — — — —

ציִען זיך ווידער שאָען פון אויספרעגענישן און אַרומטאַפּע־נישן אין קאַנצעלאַריע פון דער טפיסע. מיין האַרץ איז אומרויִק, און בין אינגאַנצן גוואַלדיק נייגעריק צו וויסן, וואָס טוט זיך עס —

— אין דעם בלאָען קעסטעלע?

אין טפיסע האָט מען אונדז פאַרהאַלטן. אין קאַנצעלאַריע האָט געאַרבעט אַ וויסגוואַרדעיִשער אָפיצער, וואָס האָט געדינט אין בולאַק־באַלאַכאָוויטשעס אַרמיי. ער איז געזעסן אין טפיסע. ער האָט באַגאַנועט עפּעס אַ קאָאָפּעראַטיוו. און אזוי ווי ער

קען שרייבן, נוצט אים אויס דער נאַטשאַלניק פֿון טפּיסע באַטאָג אין קאַנצעלאַריע.

איז אָט דערדאָזיקער פּאַרשוין האָט דאָס אונדז פֿאַרהאַלטן. אים איז זייער טשיקאַווע, וואָס טוען דאָ אין פּוילן רוסישע ביר־גער. ווי אַזוי קומען זיי אַהערצו?

— און איר ווי אַזוי קומט אהערצו? — האָט דער כאַוועראַדאָלף אַ פֿרעג געטאָן? פֿאַרשיידענע וועגן פֿירן אַהערצו, פֿאַר־שיידענע.

ענדלעך האָבן מיר זיך שוין באַפֿרייט פֿון דער לעצטער אונ־טערזוכונג און מע האָט אונדז אַריינגעפֿירט אין טפּיסע.

אונדז האָבן אַרומגערינגלט אַלע אַרעסטירטע. עס האבן זיך אַ שאָט געטאָן פֿראַגן. —

— פֿונוואַנען?

— פֿאַרוואָס?

— ווי אַזוי אַרעסטירט?

מיר האָבן אַף אַלץ געענטפֿערט. אויסגעפֿונען אַ ווינקעלע אַף די נארעס און זיך ענדלעך אַוועקגעלייגט.

מיט אַ ציטער אין האַרצן האָב איך אַריינגעלייגט מיין האַנט אין קעשענע און האָב אַרויסגענומען דאָס בלאָע קעסטעלע.

די הענט האָבן בא מיר געציטערט. איך האָב געעפֿנט די קעסטעלע — גאָרנישט... אַ געוויינטלעך קעסטעלע מיט גע־וויינטלעכע פּאַפּיראָסן...

— וואָס קען דאָ זיין? האָט ער מיך אויסגענאַרט?

נאָך אַמאָל דורכגעטאַפּט אַלע פּאַפּיראָסן און באמערקט, אז איין טרייבל איז עטוואָס דיקער. איך האָב מיט אַ ציטער אין די הענט פֿאַנאַנדערגעריסן דאָס טרייבל...

אינעווייניק איז געלעגן אַ שטייף צונויפֿגעלייגט שטיקל פּאַ־פּיר... איך האָב זיך אין ווינקעלע אַריינגעקוועטשט און האָב פֿאַנאַנדערגענומען ...

— פּראָלעטאַריער פֿון אַלע לענדער, פֿאַראייניקט אייך!



אינווייניק איז געלעגן א שטייף-צונויפגעלייגט שטיקל פאפיר.

— היינט איז דער יאָנטעוו. פֿון אַלוועלטלעכן פּראָלעטאַר-יאַט !..

דאָס איז געווען אַ פּראָקלאַמאַציע, וואָס דער פּוילישער צעקא פֿון אונדזער פּאַרטיי האָט אַרויסגעלאָזן צום פֿינפֿיאָריקן יובּילײ פֿון דער אָקטיאַבער-רעוואָלוציע...

און פֿון דער אנדער זייט איז מיט געבראָכענע אויסעס געווען פֿאַרשריבן :

— כאַוויירים, דאַיגעט ניט. מיר וועלן גאָר אינגיכן פּאָטער ווערן פֿון אַלע זשאַנדאַרמען און אַלע שפּיאָנען. מאָרגן וועלן מיר אייך ברענגען פּאַפּיראָסן — — — — — — —

— — — — — — — —

מיר האָבןביידע ווידער אַ נאַכט ניט געשלאָפֿן, אָבער ניט פֿון עקל, נאָר פֿון היסלאַוועס... מיר האָבן אַ גאַנצע נאַכט שטילערהייט זיך געשעפּטשעט, קיינער זאָל אונדז ניט הערן...

עך, ווי גוט אונדז איז דאַן ביידן געווען ! אַף צולאָכעס דעם פּוילישן זשאַנדאַרם, זיינען מיר ביידע אין אונדזערע פֿאַנטאַזיעס געווען דאָרט, אין א ו נ ד ז ע ר היים, אין א ו נ ד ז ע ר מאָסקווע אין א ו נ ד ז ע ר קרעמל...

מיר האָבן געהאַט אַ לעבעדיקן גרוס פֿון דאָרט, פֿון דער איינציקער פּראָלעטאַרישער מעלוכע, פֿון דעם לאַנד, וואָס איז דער אָנהויב פֿון אַלע אָנהויבן ...

און —

אַדהאַיעם געדענקט זיך די קינדישע אויגן אַף דעם פֿאַר-שוואַרצט-שמידישן פּאָנים און דער פֿרייד-צאַפּל אין האַרצן בּאַ דעם פֿאַנאַנדערגענומענעם טרייבל, און איבער אַלעם — דאָס שעפּטשען אין אויער אריין.

— אין דעם בלאָען קעסטעלע ...



# א פֿאַרשטערטער יאָנטעוו.

## א רויט בלימעלע אין לאץ.

דאָס איז געווען גאָר אמאָל, ווען עס איז נאָך ניט געווען קיין פֿאַרבאַנד פֿון סאָציאַליסטישע סאָוועטן-רעפּובליקן, נאָר אַן אלט, צאַריש רוסלאַנד.

איך בין נאָך געווען גאָר יונג, האָב זיך געלערנט. איך האָב שוין דאַן אָבער געהערט צו אַ שילער-קרייזל פֿון אונדזער פּאַרטיי.

איז אָט אַף איינער פֿון די זיצונגען פֿון דעם אומלעגאַלן שילער-קרייזל האָט אונדזער פֿאָרשטייער אונדז אָנגעזאָגט:

— די פייערונג פון ערשטן מאַי וועט זיין האַיאָר אין דובעלן (אַ דאַטשע-געגנט נעבן ברעג פון באַלטישן יאַם. 22 וויאָרסט פון ריגע) און אונדזער שילער-קרייזל איז אויך איינגעשלאָסן געוואָרן אין דעם צעטל פון די, וואָס וועלן דאַרפן פאָרן אין דובעלן אף דעם יאָנטעוו פון ערשטן מאַי.

מיר זיינען געווען איבערגליקלעך. אין פארלויף פון די אָנ-דערהאלבן-צוויי יאָר, וואָס מיר האָבן זיך אָפיציעל גערעכנט פאר מיטגלידער פון דער שילער-אָרגאניזאַציע, וועלן מיר דעם ערשטן מאָל זיין אַף אן אומלעגאלער מאסן-פארזאמלונג און דערצו צו דער פייערונג פון ערשטן מאי. דאָ וועלן מיר זען די קאָנספי-ראטיווע כאוויירים, דאָ וועלן מיר זיך דעם ערשטן מאָל טרעפן מיט דער גאַנצער מאסע, מיר וועלן זען די אָנגעזעענסטע מיט-גלידער פון דער אָרגאַניזאַציע...

דאס אליין, וואָס אונדזער קרייזל איז איינגעלאדן געוואָרן צום יאָנטעוו, האָט אונדז אופגעהויבן מיט א שטאַפל העכער. מען האָט זיך געדארפט מיט וואָס עס איז אויסצייכענען, קעדיי צו פארדינען אַזאַ קאָוועד. אונדזער קרייזל איז ווירקלעך געווען איינער פון די בעסטע און האָט שוין פון זיך אויסגעטיילט אַ גאנץ גרויסע גרו-פע, וועלכער מען האָט איבערגעגעבן אָנפירן מיט א גאנצער ריי ארבעטער-קרייזלעך.

צום ערשטן מאי איז געבליבן עטלעכע טעג, אָבער מיר האָבן זיך גענומען גרייטן צום יאָנטעוו גלייך, ווי מען האָט אונדז נאָר וועגן דעם אָנגעזאָגט. פון די דערציילונגען פון. איינ יקע כאַוויי-רים, האָבן מיר געוווסט, אז פאר דעם ערשטן מאי קומען פאָר אַרעסטן און הויז-זוכונגען בא די פאראנטוואָרטלעכע טוער. מיר זיינען נאָך נים געווען קיין פאראנטוואָרטלעכע טוער, אָבער אונדז האָט זיך געדוכט, אז ווי באלד נאָר מיר האָבן אריבערגעטראָטן די שוועל פון דער אומלעגאלער אָרגאניזאציע, אזוי זיינען מיר שוין בא דער געהיים-פּאָליציי „אין צעטל", און בא אונדז וועלן אויך זיין אונטערזוכונגען.

יעדער פֿון אונדז האָט אָפּגערייניקט זיין דירע, האָט פֿאַר־שטעקט זייער ווייט דאָס ביסל אומלעגאַלע ליטעראַטור, וואָס ער האָט געהאַט פֿאַר זיך און פֿאַר זיינע קרייזלעך, האָט זיך גע־סטאַרעט אין פֿאַרלויף פֿון דער צייט פֿאַרשווינדן פֿון גאַס, ניט וואַרפֿן זיך אין די אויגן.

דער פֿאָרשטייער אונדזערער האָט אונדז שטרענג אָנגע־זאָגט —

איר זייט פֿרעמדע! געטראָפֿן זיך אָפֿן וואָקזאַל—ניט גערעט צווישן זיך, ניט באַגריסט זיך אַפֿילע, פֿרעמדע זייט איר. וואָס עס זאָל ניט זיין, וואָס עס זאָל ניט טרעפֿן, טאָרט איר איינער דעם אַנדערן ניט אָפּשטעלן, ניט פֿרעגן. אַרעסטירט מען וועמען ניט־איז פֿון אייך און מען הויבט אָן פֿרעגן, צי קענט איר ניט דעם, יענעם, א דריטן, א צענטן, ענטפֿערט נאָר איין פֿראַזע: „איך וויים ניט, איך זע אים דאָס ערשטע מאָל". איר זאָלט בא קיין איין מענטשן ניט פֿרעגן דעם וועג. קענט איר זיך ניט דער־קלייבן — קערט זיך אום צוריק אהיים, ווי עס זאָל אייך ניט זיין שווער, ווי אייך זאָל זיך ניט ווערן זיין אף דער פֿייערונג פֿון ערשטן מאַי ...

און צום סאָף האָט ער צוגעגעבן —

— דעם פּאַראָל זאָלט איר געדענקען. קיינער פֿון אייך זאָל ניט פֿאַרשרייבן.

ער האָט אונדז אַווילע באַטראַכט, ווי ער וואָלט אַרומגע־קוקט, צי זיינען מיר גענוג ערנסט, מען זאָל אונדז קענען אי־בערגעבן דעם פּאַראָל. שפּעטער האָט ער איין אויג אַביסל פֿאַר־קאָרטשעט, ווי ער וואָלט זיך אליין וועלן דערמאָנען דעם פּאַראָל, האָט פֿאַרביסן אַ ליפּ און געזאָגט —

— הערט זיך איין!

מיר האָבן זיך איניינעם צונויפֿגערוקט, צוגעבויגן זיך צו אונדזער פֿאָרשטייער און האָבן זיך אָנגעשטרענגט.

— אָפֿן ברעג פֿון דער 8-טער ליניע וועט שטיין א כאַווער, איר וועט, פֿאַרבייגייענדיק שטילערהייט, אַ זאָג טאָן: „אין לאָך

שטעקט באַ אייך אַ רויט בלימעלע״—ווען ער אייך ענטפערן „דאָס זיינען מאַי-גלעקלעך״—וועט איר אַ פרעג טאָן: „ווו האָט איר זיי גענומען״, וועט ער אייך אָנווייזן דעם אָרט, ווו עס שטייט נאָך אַ כאַווער, יענעמס פאַראָל, און אַזוי וועלן מיר זיך דערקלייבן ביז דער פאַרזאַמלונג.

דער ערשטער מאַי איז דאַן אויסגעפאַלן שאַבעס, און מיר פערזענלעך איז געווען זייער שווער אַוועקצופאָרן פונדערהיים. איך האָב געוואוינט אין אַ פרומער פאַמיליע, וואָס איז נאָר וואָס אַריינגעפאָרן פון אַ קליין שטעטל און האָט זיך נאָך גאָרניט אָפגעוואוינט פון דעם קליינשטעטלשן אָרט לעבן. עמעס, דעם קאַמף קעגן די עלטערן האָב איך שוין געפירט אין פאַרלויף פון עטלעכע יאָר, אָבער דערגיין אַזוי ווייט, אַז מען זאָל שאבעס ניט קומען צו מיטיק צום טיש און מען זאָל פאָרן אום שאבעס— דאָס האָב איך נאָך ניט געקענט דערגרייכן, און דערביי וואָלטן געווען, בלי-סאָפעק, גרויסע סקאַנדאַלן, און אין דובעלן וואָלט איך ניט געפאָרן. אַגעוו האָט מען גאָר אַזוי פראַנק און פריי ניט געקאָנט זאָגן אינדערהיים, אַז מען פאָרט אין דובעלן. עס וועלן זיך אָנהויבן נאָכפרעגענישן נאָך וואָס און נאָך ווען, דערפון קען נאָך דערוויסן אַ דערבאַיקע שכיינע, און דאָס איז אַוואדע אומעג-לעך, און דעריבער האָט מען געמוזט אויסמיידן איבגאַנצן די היים, פון דאָרט זאָל מיין אַוועקפאָר ניט באמערקט זיין.

## דער „דאָקטער״.

צו דער צייט בין איך אַזוי זיך אַרויס פון שטוב. צום גליק האט מיך קיינער ניט געפרעגט, וווהין איך גיי. באלד האב איך פאַרקערט אין אַן אנדער גאַס און בין אַוועק אַפן וואָקזאל.

געגאַנגען בין איך פאָרזיכטיק. נאָך יעדן מענטשן האָב איך נאָכגעשפירט, עפשער קוקט ער אַף מיר. אַלע מענטשן, וואָס איך האָב געזען אפן וואָקזאל, האָבן זיך בא מיר געטיילט אַף צוויי טיילן — שפיאָנעס, וואָס שפירן נאָך יעדן פון אונדז, און

כאַווייריִם, וואס פֿארן אף דער מאַי-פֿייערונג. האָב איך נאָר גע-
זען אַ באָכער אין אַ העמדל מיִט לאנגע האָר, ביִן איך געווען
זיִכער, אַז ער איז אַ „באקאנטער" (אַזוי פֿלעגט מען אמאָל רופֿן
די רעוואָלוציאָנערן) און ער פֿארט אין דובעלן. טאָמער האָב איך
באגעגנט יונגע באָכעריִם און מיידלעך שיין געקליידעט, ביִן איך
געווען זיכער, אַז זיי האָבן זיך ספּעציעל צוגעפּוצט, אז מען זאָל
זיי ניט דערקענען. אין יעדן פֿון אזא אויסגעפּוצטן פֿאַרשוין האב
איך געזען עמיצן פֿון „קאלעקטיוו", אָדער דעם פֿאָרשטייער פֿון
צ. ק. דעם „באַוווּסטן רעדנער", וואָס דאַרף היינט אַרויסטרעטן
אַף דער פֿאַרזאמלונג

אַפֿן וואָקזאַל זיינען געווען עטלעכע כאווייריִם פֿון אונדזער
קרייזל און איינִיקע אומבאַקאנטע „באקאנטע", וועלכע איך פֿלעג
גאַנץ אָפֿט זען אַפֿן ביִרזשע, ווען זיי פֿלעגן דורכגיין, אָפּשטעלן
זיִך מיט וועמען עס איז פֿון די אַרבעטער צוליב פּאַרטיי-אנגע-
לעגנהייטן. דידאָזיִקע כאַווייריִם האָבן שטענדיק געוועקט מיין
פֿאַנטאזיע. עפּעס אַ מאָדנע געהיימניִספֿולקייט האָט געשוועבט
אַרום זיי. זיי פֿלעגן זיך אַמאָל ווייזן, דורכשלייכן די בירזשע
און ניִט ווערן. יוי מיִר האָט זיִך געדוכט, האָבן זיי קיינמאָל ניט
גערעט, נאָר מיִט אַ ווונק פֿלעגן זיי אָפּטאָן יעדער זאַך. איִך
האָב שטאַרק געוואָלט באקענען זיִך מיִט זיי, וויִסן עפּעס נעענ-
טער זייער לעבן, וואָס זיינען זיי פֿאַר אַ מענטשן. פֿאַרשטייט זיִך,
אַז פֿרעגן בא וועמען עס איִז וועגן זיי האָב איך זיִך ניִט דער-
לויבט. וויִבאלד, אַז מע זאָגט ניִט, הייסט דאָס, אַז מען דאַרף
ניִט זאגן. און דאָס איז געוויען הייליִק. באזונדערס האָט מיִך דאַן
איִנטערעסיִרט אַף דער ריִגער ביִרזשע איינער אַ קורצינקער כאַ-
ווער, מיִט לאנגע האָר, געקליידעט האלב איִנטעליגענטיִש און
האַלב פּראָלעטאריִש. ווי איִך האָב שפּעטער זיִך דערוווּסט, האָט
מען איִם גערופֿן דער „דאָקטער". איך ביִן געווען איבערצייִגט,
אַז ער איִז איינער פֿון די וויִכטיִקסטע פּערזאָנען, וואָס די אָרגאַ-
ניִזאציִע פֿאַרמאָגט. גראד דער „דאָקטער" איז איצט געפֿאָרן צו-
זאמען מיִט מיִר אין דובעלן. איך האב אומבאמערקבאר געקוקט



ער איז צו ווייניק פֿאָרזיכטיק.

אַף אים און געטראַכט — ווען ער וואָלט וויסן, אַז איך פֿאָר אויך אַף דעם מאַי־יאָנטעוו... איך האָב זיך געסטאַרעט עטלעכע מאָל דורכצוגיין פֿאַרביי אים, ער זאָל מיך באַמערקן, און שפּע־טער, דאָרטן אַף דער אַלגעמיינער פֿאַרזאַמלונג וועל איך זיך מיט אים באַקענען, איך וועל אים זאָגן מיין פּסעוודאָנים. אין דער־זעלבער צייט האָב איך אָבער געסטאַרעט זיך, אַז מיין צופֿיל דרייען זיך אַרום אים זאָל בא אים ניט אַרויסרופֿן קיין כשאַד, אַז איך בין אַ שפּיאָן, און דאָס וועט אים נויטן אומצוקערן זיך צוריק.

מיר האָבן זיך צעזעצט אין פֿאַרשיידענע וואַגאָנעס. דער „דאָקטער" איז פֿראַנק און פֿריי אומגעגאַנגען שפּאַצירן איבערן פּלאַטפֿאָרם און איז אַריינגעשפּרונגען אין וואַגאָן ערשט דאַן, ווען ער האָט זיך געריהרט פֿון אָרט. דאָס האָט אַרויסגערופֿן בא מיר ניט קיין אַנגענעמען געפֿיל בענוגייע דעם „דאָקטער". ער איז צו ווייניק פֿאָרזיכטיק, ער האַלט ניט קיין קאָנספּיראַציע. ווי גייט דאָס אַ מענטש אַרום אַזוי פֿראַנק און פֿריי אָפֿן וואָקזאַל בייס מען דאַרף זיך היטן, עפּשער איז דאָ אַ שפּיאָן און וועט אים אויסשפּירן? טראַכטנדיק וועגן דעם, האָב איך זיך דערמאָנט אַז אויך אָפֿן בירזשע, ווען איך פֿלעג אים טרעפֿן, פֿלעגט ער זיך צופֿיל וואַרפֿן אין די אויגן. אָפֿן האַרצן איז מיר געוואָרן זייער שווער: מענטשן גלויבט מען אָפּ אַזעלכע געהיימע זאַכן, און זיי זיינען אַזוי ניט פֿאָרזיכטיק.

מיין סטאַנציע, וואָס איך האָב געדאַרפֿט אַראָפּשטייגן, איז געווען בילדערלינגסהאָף, פֿינף סטאַנציעס פֿאַר דובעלן. צייט איז אין מיין רעשוס געווען אַ מינוט פֿערציק און איך האָב געקוקט אין דעם אָפֿענעם פֿענצטער אַף די פֿעלדער און לאָנקעס, וואָס האָבן געגרינט אַנטקעגן. אַ מאָדנע שווערקייט האָט געדריקט דאָס האַרץ. איך האָב געטראַכט וועגן דער וועלט, וועגן די מענטשן אַף דער וועלט. איך האָב זיך געגרייט ווערן אַ סאָציאַליסט, און איך האָב זיך געסטאַרעט מיין גאַנץ לעבן צוצופּאַסן אַזוי, אַז

איך זאָל ניט דאַרפֿן אויוועך זיין אָף די סאָציאַליסטישע דינים. אינדערהיים האָט מען מיך זייער געוואָלט מאכן פֿאַר א סויכערל.

וועגן דעם האָט זיך באזונדערס געסטארעט מיין עלטערער ברודער, וואָס איז געווען א בוכהאלטער און וואָס האָט זייער געוואָלט ווערן אליין א באלעבאָס.

איך האָב אינדערהיים אויסגעהאלטן א גרויסן קאמף. איך האָב געגעבן א גוואַלדיקן ווידערשטאַנד אָט די אלע פרוּוון מאכן פֿון מיר אַ לייטישן יונגערמאַן, און די ליידן, וואָס מיר איז אויסגעקומען אויסצושטיין צוליב דעם, האָט בא מיר נאָך מער פֿאַרהייליקט מיין אידעאַל — דעם סאָציאַליזם.

און דעריבער איז מיר געווען שווער צוצוקוקן, ווי אייגענע כאַוויירים באציען זיך צו לייכטזיניק צו די אויפֿגאַבן פֿון דער פאַרטיי.

עס איז אָנגעקומען מיין סטאַנציע. איך בין אַראָפּ. כ׳בין פֿאַרגאַנגען אַפֿן וואקזאל, האָב אויסגעטרונקען אַ גלאָז זעלצער, ווי עס טוען אַלע „דאַטשניקעס״, איך בין אַוועק מיטן ברייטן שליאך, וואָס פֿירט צו דובעלן. דער פֿרישער יאם-ווינט, די גלענצנדיקע נאַטור האָט מיך אַביסל אָפּגעפֿרישט און אַפֿן האַרצן איז מיר פֿיל גרינגער געוואָרן.

איך האָב זיך דערנעענטערט צו איידנבורג, ווו איך האָב גע-וואָלט אַפֿן וואקזאל עפּעס צובייסן. איך גיי ארוף אַפֿן וואקזאל-פלאַץ, עס שטייט פֿונוויטן שטייט דער „דאָקטער״. מיר האָט א שטאָך געטאָן אין הארצן:

— וואָס זוכט ער? וואָס דאַרף ער?

און מיטאַמאָל איז מיר דורכגעפֿלויגן אַ געדאַנק — עפּשער איז ער גאָר אַ שפּיאָן? מאלע וואָס עס דרייט זיך אום אַף דער ביזשע? עפּשער האָט ער דערוווּסט, אַז עס קומט פֿאָר אַ פֿאַר-זאמלונג אין דובעלן און ער פֿאָרט אויסשפּיאָנירן?..

עס האָט מיר אַ זעץ געטאָן אין האַרצן. איך האָב זיך דער-מאָנט זיין ארומגיין פֿראַנק און פֿריי אַפֿן וואָקזאל און איך האָב

פון סעקונדע געגומען ווערן זיכער, אַז ער איז א שפּיאָן און מע דאַרף זיך פון אים היטן.

איך האָב פאַרקערט אָן אַ זייט און בין שוין געגאַנגען ניט מיטן גלייכן וועג, וואָס פירט קיין דובעלן, נאָר בין אַוועק מיטן יאַם.

און איצט דאָ באַם יאַם האָב איך זיך באַטראַכט, אַז איך האָב געטאָן א נאַרישקייט. באַלד, אז איך בין זיכער, אַז ער איז א שפּיאָן און איך האָב זיך געכאַפּט דערויף, האב איך, פאַרקערט ניט געדאַרפט אים לאָזן פון אויג, ער וועט זיך אָנשטויסן אַף אַ וועלכן עס איז אַנדער כאַוועה, וואָס ווייס ניט, אַז ער איז אַ שפּיאָן, וועט אים יענער ברענגען אַף דער פאַרזאַמלונג.

ערשט דאָ האָב איך זיך געכאַפּט, אַז איך בין נאָך ניט קיין דערפאַרענער רעוואָלוציאָנער, און איך קאָן אַמאָל ברענגען דער פּאַרטיי שאָדן. איך האָב באַשלאָסן, אַז מע מוז אים ווי עס איז אופזוכן און נאָכשפּירן נאָך אים, ער זאָל ניט דורכוואַרפן די פאַרזאַמלונג. איך בין אַוועק צו דובעלנער וואָקזאַל.

אין דובעלן האָב איך זיך אומגעדרייט אַף די גאַסן, האָב אים געזוכט און האָב אים ניט געפונען. איך בין אַוועק צו דער אַכטער ליניע מיט אַ געבראָכענעם געמיט.

איך האָב פאַרקערט אין דעם שמאָל געסעלע, וואָס פירט צו דער אַכטער ליניע, ערשט איך זע פון ווייטן, אַף דעם ארט, ווו עס האט געדאַרפט שטיין דער כאַוועה מיט דעם בלימעלע אין לאַץ, זיצט נאָר א מיידל, אַן אויסגעפוצטע אין אַ פּראַנטאַ-וואטער היטעלע.

איך האָב זיך אָפּגעשטעלט און גענומען טראַכטן, וואָס זאָל איך טאָן, צי זאל איך צוגיין און אַנטדעקן איר דעם פּאַראָל, צי ניט.

ערשט מיטאַמאָל, איך דערזע פון ווייטן, עס גייט דער „דאָקטער". איך האָב זיך גוואלדיק דערפרייט.

— אָ, איצט איז גוט. איצט וועל איך אים פאַרפירן שיי-דים ווייסן ווו, ער זאָל אַף דער פאַרזאמלונג ניט קומען.

איך האָב זיך אָפּגעריסן פון אָרט, בין אַדורך דעם וועג און בין אַריין אין וואלד. דאָ אין וואלד, ווייט הינטער דער באַן-ליניע, וועל איך אים פאַרהאלטן, ביז שפּעט אין דער נאַכט.

די זון האָט נאָך וואס גענומען פאַרשטעלן איר פלאַמענדן פּנים הינטער די הויכע שאָטנדיקע בוימער און האָט כיטרע שטעכיק געקוקט אף דעם אונטערגייענדיקן טאָג. פון ווייטן האָט זיך געטראָגן אַ רויש פון יאַם, וועלכער האָט אָנגעפּילט די לופט און האָט זי געמאַכט שטענדיק אומרויק. איך בין געגאַנגען איבער דער קאַטשקעוואַטער וואַלד-ערד, געגליטשט זיך גאַנץ אָפט. איך בין געווען זייער מיד, אָבער איצט בין איך געווען זיכער פאַר דער פאַרזאַמלונג און דאָס איז געווען אַלץ, וואָס איך האָב גע-דאַרפט אין דעם מאָמענט. עס האָט מיך שטאַרק פאַרדראָסן, וואָס איך וועל ניט זיין אף דער מאַי-פאַרזאַמלונג, אָבער דאָס, וואָס איך וועל ראַטעווען די פאַרזאַמלונג, האָט אַריבערגעוועגן אַלע מיינע פאַרדראָסן.

געגאַנגען בין איך איצט רויִקער און פון צייט צו צייט, פלעג איך, קלוימערשט, איינבויגן זיך, אופהויבן אַ שישקע און דערווייל — וואַרפן אַ בליק, צי גייט נאָך מיר דער „דאָקטער". ער איז גע-גאַנגען גלייך נאָך מיר. די מידקייט פון גאַנצן טאָג גיין און גאָר-ניט עסן האָט זיך גענומען פילן זייער שטאַרק, און אַז איך בין אַריבער די באַן-ליניע, האָב איך זיך הינטער דער דאַמבע אַוועק-געזעצט אָפּרוען. אין וואַלד האָט שוין גענומען פינצטער ווערן די לופט איז געוואָרן קיל. איך האָב זיך אַוועקגעלייגט אַפן גראָז, האָב אופגעהויבן דעם קאָפּ און ביגנייווע אַ קוק געטאָן, ווו איז דער „דאָקטער". דער „דאָקטער" איז געלעגן אַף יענער זייט דאַמבע און האָט אויך ביגנייווע געקוקט אַף מיר, איך האָב גלייך באַהאַלטן דעם קאָפּ, האָב זיך איינגעקאָרטשעט און האָב איינגעהאַלטן דעם אָטעם.

אַזוי זיינען מיר געלעגן אַ גאַנץ לאַנגע צייט. געצויגן האָט זיך דאָס, ווי אַן אייביקייט. אין דער צייט האָט זיך מיר פאָרגעשטעלט. די טורמע, די ווילדע סצענעס אין אכראַנקע, די קראַנקע מוטער,



דער „דאָקטער“ איז געלעגן אױף יענער זײט דאמבע און האָט אױך בײזגנײװע געקוקט אױף מיר.

די כאַווײרים אַף דער פֿאַרזאַמלונג. די געדאַנקען האָבן זיך גע־טראָגן אָפּגעריסן, מעטושטעש... איך האָב זיך דערמאָנט, אז בײַ מיר איז דאָ אין אַ רוקן פֿון אַ דיקן בוך אַ קליין צעטעלע מיט כאַווײרים פֿון מײַן קרײַזל, בײַ וועמען איך פֿלעג באַקומען „פּאָ־ליטישע קאַסע". דאָס האָט מיך נאָך מער גענומען באַומרויִקן. איבער מיר וועלן אַרײַנפֿאַלן נאָך כאַווײרים, זייער ווייניק דערפֿאַ־רענע, וואָס וועלן קענען אָנטאָן גרויס שאַדן דער אָרגאַניזאַציע. מײַן שטימונג האָט גענומען פֿאַלן און מיר האָט גענומען ווערן ענג. איך האָב באַשלאָסן—נאָך אַ מינוט פֿינף וואַרט איך און שפּע־טער גיי איך צום וואָקזאַל. וואָס עס דאַרף זײַן, זאָל שוין זײַן.

מיטאַמאָל—פֿון דערווײַטן האָט זיך דערטראָגן אַ הילכיקער ניגן, אַ מעכטיקער, אַ שטאַרקער און זיכערער. אַ גרויסער אוילעם מענטשן האָט מיט האַרץ און באַגײַסטערונג געזונגען —

דעם אינטערנאַציאָנאַל.

איך האָב אַ ציטער געטאָן און האָב זיך גלײַך אַוועקגעשטעלט. דער „דאָקטער" האָט זיך אויך גלײַך אַוועקגעשטעלט, האָט איין סעקונדע אַף מיר אַ קוק געטאָן, האָט זיך מיט אַ גוואַלדיקער קראַפֿט אָפּגעריסן פֿון אָרט און איז ווי אַ פֿויגל, אַוועקגעפֿלויגן גלײַך אַפֿן ניגן... איך בין איין סעקונדע געשטאַנען און נאָכגע־קוקט, ווי זײַן קלײנינקע פֿלינקע פֿיגור האָט זיך געשלײַכט צווישן די בוימער, איז וואָס פֿון סעקונדע אַלץ קלענער געוואָרן און אינ־גיכן אינגאַנצן פֿאַרשוווּנדן. אָט ווען ער וועט ערשט אַרויסגעבן די פֿאַרזאַמלונג, אָט ווען עס וועלן אַרײַנפֿאַלן די בעסטע טוער אין טורמע. וואָס טוט מען? לויפֿן אַהינצו, אַפֿן פֿײַער איז דאָך אַן אומזין. אַוועקגיין גאַנץ רויִק אַהיים—איז אַ פֿאַרברעכן. וואָס טוט מען פֿאָרט? און איך האָב באַשלאָסן—איך וועל צולויפֿן צו דער כאַווערטע, וואָס שטייט אַפֿן פּאָסט, טאָמער איז זי פֿאָרט די כאַווערטע, וואָס האָט דעם פּאַראָל, און וועל איר איבערגעבן, אַז אין וואַלד איז דאָ אַ שפּיאָן. ער איז אַוועקגעלאָפֿן צו דער פֿאַר־זאַמלונג. איז וואָס, טאָמער איז דאָס גאָר אַ זײַטיקע פּערזאָן—איז אַלציינס די „מאָסאָוקע" דורכגעפֿאַלן און העלפֿן וועט גאָרנישט.



..און איז ווי א פֿויגל אַוועקגעפֿלויגן גלייך אפן ניגן.

איך בין גלייך אַנטלאָפֿן אַהינצו, בין מיט אימפעט צוגעלאָפֿן צו איר און האָב פֿלינק אויסגעשאָסן —

— גייט גיך אַהינצו און זאָגט אָן, אַז דאָ איז אַ פּראָוואקאַטאָר, זאָלן אופֿהערן צו זינגען און אַף גיך פֿאַנאַנדערגיין זיך, עפּשער וועט זיך כאָטש אימעצן איינגעבן צו ראַטעווען!

דאָס מיידל האָט אַף מיר פֿאַרוווּנדערט אַ קוק געטאָן, האָט מיך באַגאָסן מיט אַ קאלטן בליק און קאַלט געזאָגט:

— אַנטשולדיקט, וועגן וואָס רעט איר, וואָס ווילט איר? איך הויב ניט אָן צו פֿאַרשטיין, וואָס איר ווילט.

און איז אַוועק קאַלטבלוטיק אין געסל פֿון דער אַכטער ליניע.

ערשט איצט האָב איך דערפֿילט, ווי קאָמיש איך בין געווען מיט איין מינוט פֿריער, ווי יינגלש איך האָב געהאַנדלט. און אַז איך וועל קומען אַהיים און וועל שוין וועמען עס איז פֿון די כאַווייריִם טרעפֿן אַף דער פֿרייהייט, וועל איך זיי אַפֿילע ניט קענען דערציילן פֿאַרוואָס איך בין ניט געווען אַפֿן יאָנטעוו. איך וועל זיך דאָך ניט קענען אַוועקשטעלן אין אַזא קאָמישער לאגע...

איך בין אַ פּאָר מינוט געשטאַנען און בין אַוועק אפֿן וואקזאַל. קיין אַנדער זאך האָב איך ניט געקענט פֿאַרנעמען. דער קאָפּ איז געווען שווער, די פֿיס האָבן זיך געבויגן פֿון הונגער און מידקייט, דאָס הארץ איז געווען פֿול מיט אַ שווערן און אומקלאָרן געפֿיל.

איך האָב ניט געפֿילט, ווי איך בין אַריין אין וואַגאָן, ווי איך בין געקומען קיין ריגע, ווי איך בין דערגאַנגען אַהיים. אַז די מוטער האָט מיר געעפֿנט די טיר און האָט געפֿרעגט, וווּ בין איך געווען אַ גאַנצן טאָג, האָב איך איר געגעבן עפּעס אַ מאָדנעם ענטפֿער, נאָך ווערלכן. זי האָט מיר אַ פֿרעג געטאָן, צי בין איך געזונט.

איך האָב זיך אויסגעטאָן און האָב זיך אַ מידער אַריינגעוואָרפֿן אין בעט. און אַ גאַנצע נאַכט האָבן מיך געשטיקט ווילדע קאָשמאַרן, מאָדנע כאַלוימעס האָבן זיך מיר געכאָלעמט. אַ גאַנצע נאַכט האָב איך זיך אומגעוואָרפֿן אין בעט און די מוטער איז ניט איינ-

מאָל צוגעגאנגען צו מיין בעט, האָט מיר געטאַפּט דעם שטערן און האָט מיך אומרויִק געפֿרעגט:

— וואָס איז מיט דיר, מיין קינד?...

* * *

אין אַ פּאָר טעג אַרום, אַז עס איז געקומען די צייט, ווען איך האָב געדאַרפֿט גיין אַף אַ זיצונג, איז מיר געווען ניטגעוויינטלעך שווער. אין שטאָט האָט זיך ניט געהערט, אַז מען זאָל אימיצן האָבן אַרעסטירט פֿון ערשטן מאַי. הייסט דאָס, אַז די פֿאַרזאַמלונג איז נים דורכגעפֿאַלן. ווי זשע וועל איך פֿאָרט אויסזען בא מיינע כאווײרים? און ווען איך זאָל זיי דערציילן דעם עמעס, ווי עס איז פֿאָרגעקומען, וועלן זיי דען מיר גלויבן? עס איז דאָך לעכערלעך. דאָס, וואָס עטלעכע פֿון מיינע כאווײרים האָבן מיך געזען אַפֿן וואקזאַל פֿארנדיק קיין דובעלן, וועט זיי נאָך מער איבערצייגן אין דעם, אַז איך בין אַ פּאַכדן, אַז איך האָב זיך דערשראָקן אין דעם לעצטן מאָמענט און בין אַף דער פֿאַרזאַמלונג נים געקומען. דאָס האָט מיך געערגערט מער פֿון אַלץ. איך האָב זיך געגרייט נאָכן ערשטן מאַי פֿאַרנעמען אַ פּיל פֿאַראַנטוואָרטלעכע אַרבעט אין דער פּאַרטיי. און דורך עפּעס אַ נאַריִשן צופֿאַל איז דאָס אַלץ פֿאַרשווונדן, ווי אַ רויך.

מיט אַ האַרץ-קלאַפּעניש האָב איך אַריבערגעטראָטן די שוועל פֿון אונדזער אומלעגאַלער דירע. אַז איך בין אַריין אין צימערל, ווו אַלע כאַוויירים זיינען געזעסן, האָט זיך מיטאַמאָל אופֿגעהויבן אַ שטורמישער געלעכטער.

— אָט איז ער. וואָס איז מיט דיר געווען? כא-כא-כא.

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער „דאָקטער" האָט פֿאַרגעסן דעם פּאַראָל. מיך האָט ער ניט איינמאָל באַגעגנט אַפֿן בירזשע און האָט באַשלאָסן, אַז איך פֿאָר בליסאָפּעק אַף דער פֿאַרזאַמ-

לונג. און דאָ האט ער גערעכנט ווייטער גיין נאָך מיר און וועט אויך קומען אַף דער מאסאָווקע.

דאָס מאָל האָבן מיר אַף אונדזער פֿארזאַמלונג גאָרניִשט גע-טאָן. אַלע האָבן זייער געלאכט פֿון דעם קאָמישן צופֿאל.

דער פֿאָרשטייער האָט נאָר געשמייכלט און האָט געזאָגט:

— די געשיכטע איז טאקע אַ קאָמישע. אָבער דו האָסט גע-האנדלט גוט. דער „דאָקטער"—זייער שלעכט, מען קען זיך ניִט אָנטשעפּען אָן אַ מענטשן און נאָכגיין נאָך אים, בייס יענער גייט אַף אַ מאסאָווקע, עס איִז זייער ניט פֿאָרזיכטיִק פֿון זיין זייט...

* * *

אין די שפּעטערדיקע צייטן, ווען איך פֿלעג זיִך באגעגענען מיִטן „דאָקטער", פֿלעג איִך זיִך דערמאָנען אָן דעם פֿארשטערטן יאָנטעוו. און אַז איך פֿלעג זיך דערמאָנען אָן דעם פֿארשטערטן יאָנטעוו, פֿלעג איך אַליין לאַכן איִבער מיין קיִנדיִשקייט און אומ-באהאָלפֿנקייט פֿון מיינע ערשטע פּארטיי-יאָרן.




# א פעקעלע שמעקטאבאק.

## וואָס איזיא האט געזעען.

איזיאַ איז געווען גאָר יונג, ווען ער האט געמוזט אוועקגיין אַרבעטן אַפן פאַבריק, אים איז קוים געוואָרן 13 יאָר, און פונ־דעסטוועגן האָט ער שוין באַוויזן פיל זאַכן צו זען.

אז איזיאַ איז געווען אַ קינד, האָט ער געפילט נאָר איין צייט אין יאָר—זומער. זומער האָט מען ניט געדאַרפט האָבן קיין שיכלעך, מע קאָן אומלויפן באָרוועס. עס אין טאַקע געזינטער אויך. זומער דאַרפן ניט האָבן קיין וואַרעם-בעגעדל: די זון וואַרעמט אזוי שטאַרק אין זייער שטעטל, אז אַלע דערוואַקסענע אפילע זיצן

פֿאַרנאַכט אַף די פּריזבעס צעכראַסטעטע, מיט אָפֿענע האָריקע הערצער. און ווי באַלד מע דאַרף ניט האָבן קיין שיכלעך און וואַרעמע בגאָדים, פֿלעגט טאַקע איזיאַ אומלויפֿן איבער דעם באַר־גיקן געסל, ווו זיי האָבן געוואָינט, יאָגן זיך נאָך טויבן, רייסן עפּל פֿון די סאָדן, וואַרפֿן זיך מיט שטיינער, לייגן „באַבעס" אין טייך מיט פלאַציקע שטיינדלעך.

אַמאָליקע יאָרן זיינען קיין פּיאָנערן ניט געווען, און קיין שולן פֿאַר אָרעמע קינדער זיינען אויך ניט געווען. איזיאַ איז געגאַנגען אין כיידער, אָבער איזיאַ האָט פֿיינט געהאַט דעם רעבן, דעם סידער, דעם „טילים". פֿלעגט ער טאַקע אַנטלויפֿן אַפֿן לאָנקע אָנ־שטאָט גיין אין כיידער. און דאָרט אַפֿן לאָנקע, לעבן דער גרויסער אָזערע פֿלעגט מען שטיפֿן גאַנצענע טעג.

זומער איז געווען גוט, אָבער ווינטער איז געווען שלעכט. ווינטער מוז מען האָבן שיך, ווינטער מוז מען האָבן א בעגעד, אַ וואַרעמע היטל, אז ניט, קען מען פֿאַרפֿראָרן ווערן, ווי מיקיטע דער גאָי איז פֿאַרפֿראָרן געוואָרן. אין איזיאַ'ס שטעטל איז געווען אַזאַ גרויסער, הויכער מיקיטע, האָט מען אים גערופֿן מיקיטע דער גאָי. איז ער איינמאָל ווינטער... נאָר וועגן דעם וועלן מיר דערציילן אַן אַנדערש מאָל. איצט וועלן מיר בעסער דערציילן וועגן איזיאַן.

איזיאַן איז ווינטער געווען זייער שלעכט. גאַנצענע טעג און נעכט פֿלעגט ער ליגן אַפֿן אויוון.

פֿונדעסטוועגן קען מען ניט זאָגן, אַז איזיאַ איז ווינטער ניט געווען אַפֿן גאַס. עס פֿלעגט טרעפֿן אמאָל, אז זיין עלטערער ברודער, נאָטקע, וואָס האָט געאַרבעט אַף דער טאַבאַק־פֿאַבריק, פֿלעגט ווערן קראַנק און ער פֿלעגט ליגן אַפֿן אויוון צוגעדעקט מיט אַלטע צוריסענע בגאָדים, מיט וועלכע די מאַמע פֿלעגט גע־וויינטלעך צודעקן די דייזשע, פֿלעגט איזיאַ אריינשפּרינגען אין זיינע גרויסע וואַליקעס, אַריינקריכן אין זיין פעלצל, אָנרוקן אף זיך די גרויסע באַראַשקענע היטל און פֿלעגט אַנטלויפֿן אין „מאַרק" אריין.

דאָס פּעניִמל זיינס האָט דורך דעם קראַגן און דער גרויסער היִטל אויסגעזען, ווי אַ פייג אונטער א דעכעלע. נאָר קליינע אוי-געלעך האָבן געברענט, און עס האָט זיך געררויטלט א שפּיץ צו-פראָרן נעזל.

דאָרט אין מאַרק האָט ער זייער פיל געזען. ער האָט געזען א גרויסן צוויי שטאָקיקן מויער, מיט אַ גרויסער קראָם, און אין פּענצטער זיינען געווען ארויסגעשטעלט אַזעלכע גרויסע שאלאכ-מאָנעסן, גאָלדענע צוקערקעס, מיט גרויסע בערד. דאָ האָט ער געזען אַ רויטינקן וואַגאָנטשיקל מיט א לאָקאמאטיוו, לעבן איִם איז געלעגן אין אַ בעטעלע א גרויסע שיינע קוקלע...

דאָ בא דעם פּענצטער איז ער איינמאָל לאַנג-לאַנג געשטאַ-נען, געשטאַנען און געקוקט אַף די גוטע זאַכן און האָט שטילער-הייט אין האַרצן געטראַכט.

— גוויריִשע קינדער האָבן אלץ...

איז אָט, איז ער אמאָל אזוי געשטאַנען פאַרטראַכט און גע-קוקט אַף די גוטע זאַכן, ערשט מיטאמאָל האָט אים איינער אַ זעץ געטאָן אין קאָפּ אזוי, אז איִם האָבן זיך אונטערגעהאַקט די פיס, און די באַראַשקענע היטל האָט אַראָפּגעפויזעט ביִז איִבער די אויערן און אויגן...

קוים ארופגערוקט די היטל, האָט ער זיך ארומגעקוקט און האָט דערזען, אַז אַנטקעגן איִם שטייט אַ ייִנגעלע אין אַ שוואַרצער פעלצענער פּאַפּאַכע, אין אַ וואַרעם בעגעדל, ווי א קאַזאַקל, מיִט אַ שפּאַגע אָנדערזייט. די בעקעלעך רויטע, שטראַלנדיקע, און די אויגעלעך שטיפעריִשע, צופרידענע...

— וויִש אָפּ די נאָז, באַלד ווערט באַ דיר פול דאָס מויל.

— וואָס איִז דיין דאַיגע פאַר מיין נאָז?

— זעסט דאָך, אַז מיִר איִז יאָ אַ דאַיגע.

און דאָס ייִנגעלע האָט אופגעהויבן זיין הענטל און האָט אים נאָך אַמאָל געוואָלט אַראָפּלאָזן אַ פאַטש, איזיא האָט זיך א דריי געטאָן. דאָס ייִנגעלע איִז געפאַלן.



ערשט מיִטאמאָל האָט אים איינער א זעץ געטאָן איִן קאָפּ.

מיטאמאָל איז פֿון קראָם ארויסגעגאַנגען אַ הויכער דיקער ייד, מיט אַ גאָלדן קייט אַף דער ברוסט און האָט ארויסגעברומט:

— שייגעץ, איך וועל דיר ווייזן, ווי צו שלאָגן מיין זון.

איזיאַ האָט זיך דערשראָקן און איז אנטלאָפֿן. און נאָך אים איז נאָכגעלאָפֿן דאָס ייִנגעלע מיט א שטעקן און נאָך דעם ייִנגעלע איז געלאָפֿן זיין גראָבער טאַטע און האָט הייזעריק געשריען:

— סאַשקע, איין קראָם אריין, סאַשקע!..

פֿון יעמלט אָן געדענקט ער צוויי זאַכן: די שיינע צוקערקעס און דעם גראָבן ייִדן. די צוקערקעס האָט ער אדהאַיעם האָלט, און דעם גראָבן ייִדן, דעם קרעמער האָט ער אדהאיעם פֿיינט:

— וואָס האָט ער געהאַט צו מיר, איך האָב דאָך זיין סאש-קען ניט געשלאָגן?...

ער האָט אַמאָל געזען נאָך א זאַך. דאָס איז, עמעס, גע-ווען זייער שפֿעט באנאַכט, אָבער ער האָט דאָס פֿאַרגעדענקט אַף זיין אייביק לעבן.

עס איז אויך געווען ווינטער, ער איז געלעגן אַפֿן אויוון און האָט גראָד זייער געשמאַק געשלאָפֿן. עס איז געווען שאַבעס, דער טאַטע האָט ניט געאַרבעט (אַמאָל פֿלעגט מען ניט אַרבעטן שאַ-בעס), האָט ער אָנגעטאָן דעם טאַטנס וואַרעמע בגאָדים און האָט זיך א גאַנצן באטאָג געגליטשט אַף אַ מולטערל פֿון דעם גרויסן באַרג.

האָט ער זיך טאַקע גוט איינגעמאַטערט און האָט געשמאַק געשלאָפֿן... ערשט מיטאַמאָל דערהערט ער קלעפּ אין פֿענצטער און אין טיר... ער האָט ארויסגעקוקט פֿון די שמאַטעס, מיט וועל-כע ער איז געווען צוגעדעקט, און האָט דערזען, ווי די מאַמע איז ארויסגעלאָפֿן פֿון איר צימער, נאך איר דער טאַטע, זיי זיינען א ווילע געשטאַנען מעוווּלוועלע און האָבן ניט געוווּסט וואָס צו-טאָן.

מיטאַמאָל האָט זיך אופגעריסן די טיר, און אין שטוב איז פֿול געוואָרן מיט פאָליציי...




ער האָט געזען ווי דעם ברודער זיינעם האָט מען אַרעסטירט.

ער האָט געזען, ווי דעם ברודער זיינעם, נאַטקען, וואָס האָט געאַרבעט צוזאַמען מיט זיין טאַטן אַף דער טאַבאַק-פֿאַבריק, האָט מען אַרעסטירט...

אַז די פּאָליציי האָט אוועקגעפֿירט זיין ברודער, איז דער טאַטע געבליבן שטיין באַם טיש אַ פֿאַרטראַכטער און בייזער. מיט אַמאָל האָט ער אַ זעץ געטאָן איבערן טיש מיט זיין דיקן פֿאַרגרעבטן פויסט.

— האָב זיי אַ שוואַרץ יאָר! אויפֿרייסן דאַרף מען זיי!

און איזיאַן האָט זיך איינגעשניטן אין זיקאָרן די בייזע אויגן פֿון זיין טאַטן אין דער דעמלטיקער נאַכט...

איזיא געדענקט זיי אָט דידאָזיקע אויגן אַדהאיעם.

פֿון דאַן אָן איז דער טאַטע אומגעגאַנגען אַ בייזער און פֿלעגט שטענדיק שילטן די פּאָליציי, די זשאַנדאַרמען, און ער, איזיא, — האָט אויך דעמלט אומבאַוווּסטזיניק און שפּעטער באַוווּסטזיניק, פֿיינט געקראָגן די פּאָליציי און זשאַנדאַרמען.

מע וואָלט געקענט פֿיל זאַכן אויסרעכענען, וואָס איזיא געדענקט, אָבער דאָס איז איבעריק. איר זעט שוין מיסטאָמע, אַז איזיא איז געווען אַ יינגל פֿון אַרבעטער-עלטערן און וואָס אַ קינד פֿון אַרבעטער-עלטערן האָט זיך געקאָנט אויסשטיין אין דער אַמאָליקער צאַרישער אָרדענונג, פֿרעגט אייערע עלטערן, וועלן זיי אייך דערציילן...

און דאָס אַלץ, וואָס איזיא איז אויסגעשטאַנען, האָט ער פֿאַרגעדענקט און האָט עס געקליבן באַ זיך אין האַרצן...

עס איז אים שפּעטער צוניץ געקומען, ווען ער איז אַנגעקומען אַפֿן פֿאַבריק אַרבעטן...

## איזיאס כאַוועך מוישקע.

אַף דער טאַבאַק-פֿאַבריק, ווו איזיא האָט געאַרבעט, האָבן געאַרבעט נאָך אַסאַך קינדער. אַלץ פֿון אַזעלכע אַרבעטער-עלטערן, ווי איזיא. איזיא האָט אַף דער פֿאַבריק געהאַט צווישן די קינדער

זייער פיל כאַוויירים. נאָר איין כאַוועך איז בא אים געווען טײַ-
ערער פון אלע כאַוויירים — דאָס איז געווען מוישקע.

מוישקע איז געווען מיט א יאָר עלטער פאַר איזיאַן, אבער
אַף דער פאַבריק איז ער אָנגעקומען מיט צוויי יאָר פריער פאַר אים.
ער האָט געקלעפּט באנדאראלקעס אַף די פּעקלעך פּאַפּיראָסן.

מוישקע איז בא די קינדער געווען דער „עלטערער". אלע
פלעגן אים פאָלגן.

אָבער מוישקען האָבן ליב געהאַט אויך די עלטערע כאַוויירים.
אפילו שלוימקע, וואָס איז שוין עטלעכע מאָל געווען אַרעסטירט,
און פאַר וועלכן אַפילו דער אַלטער באלעבאָס אליין פלעגט מוי-
רע האָבן, אָט דערדאָזיקער שלוימקע פלעגט אויך גאַנץ אָפט אַ רוף
טאָן צו זיך מוישקען און פלעגט מיט אים לאנג-לאַנג וועגן עפּעס
ריידן, און אזוי כאַוועריש ריידן, ווי מיט אַ גרויסן.

מוישקע פלעגט גאַנץ אָפט קומען אַף דער פאַבריק אַ „געפּאַק-
טער"... ער פלעגט יעמלט גיין שטיל. געלאַסן, קוים וואָס ער
פלעגט זיך באַוועגן.

אַלע ארבעטער האָבן שוין געהאַט דעם סימען: גייט מוישקע
שטיל, געלאַסן—הייסט דאָס, אַז היינט וועט שוין אָף דער פאַבריק
זיין א פּראָקלאַמאַציע, וועט מען זיך שוין דערוויסן נייס.

אַז מען פלעגט אָנהויבן אַרבעטן, פלעגט מוישקע זיך פאַר-
שטעקן אין א ווינקעלע, פלעגט פאַנאַנדערבינדן די פּראָקלאַמאַ-
ציעס און פלעגט זיי צולייגן יעדן אַרבעטער אַף זיין אָרט.

די ארבעטער האָבן ליב געהאַט מוישקען, שלוימקע האָט ליב-
געהאט מוישקען און איזיא האָט אים אויך ליב געהאט.

האָבן זיך אָט די צוויי כאַוויירים, מוישקע און איזיא, געלעבט
צווישן זיך זייער גוט.

איינמאָל, פאַרנאַכט, אז די ארבעט איז שוין קימאט געווען
פאַרענדיקט, האָט מוישקע א ווונק געטאָן איזיאַן.

— היינט וועלן מיר גיין אַף דער בירזשע.

די יונגע כעוורע פלעגט מען אף דער בירזשע נים שטאַרק לאָזן
גיין. אָן מוישקעס דערלויבעניש פלעגט מען אף דער בירזשע נים

טאָרן ארופקומען, ווייל גאַנץ אָפּט פלעגן קאזאקן אנפאַלן אף דער ביִרזשע און פלעגן שלאָגן מיִט נאַהאַיקעס. עלטערע אַרבעטער פלעגן קענען פאַרטייִדיִקן זיִך, אָבער יונגע, קימאט קיִנדער — זיי פלעגן אָפּט פאַלן אַ קאָרבן פון די צובושעוועטע קאַזאַקן.

אָבער די קיִנדער פלעגט זיך זייער וועלן זיין ווו די גרויסע. ס'פלעגט זיך זייער אָפּט טרעפן, אַז זיי פלעגן קומען אַף דער ביִרזשע אליין. די עלטערע פלעגן פראָטעסטיִרן, ביז עס איז איינגעשטעלט געוואָרן אַ דיסציפלין: אָן דער דערלויבעניש פון דעם „אָנפיִרער", טאָר קיין איין יוגנטלעכער ניט גיין אף דער ביִרזשע.

איז טאַקע באַ איזיאַן געווען אַ גרויסע סיִמכע: היינט וועט ער זיין אף דער ביִרזשע.

— איך אליין דאַרף קומען, האָט געפרעגט איזיאַ באַ מוישקען?

— די קלייב צו צו זיך אַ דריי-פיִר יאַטעס, אָבער קרעפטיקע, וואָס וועלן קענען אויסהאַלטן.

— עפשער וועט מען קענען וויסן, צוליב וואס גייען מיר היינט אף דער ביִרזשע?

— קלייב צונויף די יאַטעס...

און אַז מוישקע האט געזאָגט, איז געווען הייליִק. אין פיִנף מינוט אָרום זיינען זיי שוין געשטאַנען אין אַ וויִנקעלע פון פאַבריק, דאָרט, ווו עס שטייען אָנגעוואָרפן די צובראָכענע קעסטלעך.

מוישקע איז געזעסן אף אַ צובראָכענער קעסטל, די היטל אָנגערוקט, די אויגן פאַרוואָרפן אפן הימל.

— איז אָט, כעוורע, היינט שטייט אונדז פאָר אַ גרויסע שטיִק ארבעט. ווער עס וועט זיך אויסצייכענען אין דער אַרבעט, דער וועט קענען אַלע טאָג גיין אַף דער ביִרזשע.

אַלע זיינען מיטאַמאָל שטיִל געוואָרן, אַקוראַט ווי די הערצער וואָלטן זיך אָפּגעשטעלט באַ אַלעמען.

— אַפן ביִרזשע האָט זיך איינגענאַדזעט אַ שפּיאָן.

— אַ שפּיאָן?
— יאָ, אַ שפּיאָן.
— קען מען דאָך אים אַריינלאָזן אַ מעסער אין זייט, האָט אַרויסגעזאָגט איזיא.
— אַז מע וועט באַ דיר פרעגן, וועסטו דאַן זאָגן.
איזיא האָט אַראָפּגעלאָזן דעם קאָפּ אַ פאַרשעמטער.
— אַף דער בירזשע טאָר מען אים גאָרניט ניט טאָן. אַז ניט וועלן די צאַרישע הינט נאָך מיט מער קראַפט אָנפאַלן אַף דער בירזשע. איז אָט האָט מען היינט באַשלאָסן, אַז איינער פון די כאַווײרים זאָל אַראָפּ פון דער בירזשע, קלוימערשט, ווי ער גייט אַף אַ פאַרזאַמלונג, וועט דאָך דער שפּיק זיך אַ לאָז טאָן נאָך אים, וועלן מיר אים אין אַ ווינקעלע ערגעץ דאַרפן דערוואַרגן. אַלע זאָלן מיך פאָלגן. אַלע זאָלן זיך אונטערגעבן מיין יעדע פאַראָרדענונג.
— גוט.
אַלע האָבן זיך אָנגעשטרענגט. עס איז אַדורך איבערן לייב אַן אנגעגנעמענער שוידער.
— אָבער, כאַווײרים, האָט געזאָגט מוישקע, טאָמער וועט מען וועמען עס איז פון אונדז פאַקן, זאָלט איר וויסן, אַז מע דאַרף זיך האַלטן ווי העלדן.
— נו, דאָס וועלן מיר שוין זען...
אַלע קינדער האָבן ניט נאָר מוירע געהאַט, נאָר זיי האָבן, פאַרקערט, געוואַרט אַזאַ מאָמענט, ווען זיי וועלן קענען דערווייזן, אַז זיי זיינען אַרבעטער, אַז זיי זיינען שוין ניט קיין קינדער.
— נו, און איצט צו דער אַרבעט.
אַלע זיינען זיך צוגאַנגען. מוישקע האָט אַ שלעפּ געטאָן איזיאן פאַרן האַנט.
— קויף אַ פּעקעלע שמעקטאַבאַק. זאָל זיין אין קעשענע.
— אַף וואָס?
— פרעג ניט, איך וועל דיר שפּעטער דערקלערן.

דער טאָג איז שוין לאַנג אוועק ערגעץ ווייט הינטערן שטאָט, און אין די אַלייען פון שטאָט-גאָרטן האט זיך שוין גענומען אַריינקלייבן די טונקל-בלאָע לופט פון זומערדיקן אָוונט. אַף דער בירזשע איז געווען פול. צווישן אַלעמען איז אומגעגאַנגען שלוימקע, אַ הויכער, אַ פעסט-געבויטער, פלעגט צוגיין דאָס צו איין קופקעלע, דאס צו דער צווייטער, פלעגט עפעס זאָגן, פלעגט עפעס פרעגן...

ניט ווייט פון בירזשע, אף דער צווייטער זייט גאַס, איז גע-שטאַנען עפעס אַ פאַצעטל, אַן אויסגעפוצטער אין אַ מאָדערנער פאַלטאָ, מיט אַ מאָדנער שליאַפע... ער האט געקוקט אף דער בירזשע, געקוקט אף שלוימקען.

מוישקע איז אויך געקומען אף דער בירזשע. באַלד נאָך אים איז געקומען איזיא.

איזיא איז דעם ערשטן מאָל געגאַנגען אף אַזאַ פאַראַנטוואָרט-לעכער אַרבעט. אים איז געווען אנגענעם, אָבער ער האט אויך מוירע געהאַט. ניט פאַר פאָליצײ האט ער מוירע געהאַט. זינט ער האָט געזען פאָליצײ באַ זיך אין שטוב, ווען מע האט אַרעס-טירט זיין ברודער, זינט זיי האבן זיין ברודער געשלאָגן מאַקעס-רעצעך, אַזוי, אז ער איז געשטאָרבן אין שפיטאָל, פון דעמלט אָן האט ער פאַר פאָליצײ קיין מוירע ניט. פאַרקערט, יעדן מאָל, וואָס ער דערזעט פונווייטן אַ פאָליציימאַן, צינדן זיך אין אים אָן די בלוטן, עס דערוועקט זיך אין אים אַ געוואַלדיקע סינע צו דער פאָליצײ, צו שפיקעס, צו דער גאַנצער בלוטיקער פ ר י צ י-ש ע ר אָרדענונג, וואָס הייסט — זעלבסטהערשונג.

ער האט מוירע פאַר אַן אַנדער זאַך. ער האט מוירע, ער זאָל ערגעץ ווו ניט מאַכן קיין פעלער.

איזיא איז געשטאַנען לעבן אַ בוים, ווי עס איז געווען אָפּ-גערעט און האָט געקוקט אַף דעם שפיק. דער שפיק איז געווען אַ דיקער, אַ פולינקער, ווי א פעסעלע מיט אַ גאָלדענער קייט אַף דער דיקער ברוסט. איזיא האָט זיך דערמאָנט אַף סאשעס טאַטן, וואָס איז נאָכגעלאָפן נאָך אים, ווען ער ער האָט געקוקט

אין פֿענצטער, און אין איזיאן האבן זיך נאָך מער אָנגעצונדן די בלוטן. ער איז געשטאנען אַן אָנגעגרייטער אויסצופּילן יעדע היסכאיוועס, וואָס עס וועט אף אים ארופֿלייגן זיין אָנפֿירער מוישקע.

דערווייל איז שוין געוואָרן גאָר פֿינצטער. עס האָבן זיך אָנ-געצונדן די עלעקטרישע פֿאָנאַרן. די בירזשע איז געוואָרן פֿול. עס זיינען אויך געקומען די יוגנטלעכע. מוישקע איז צוגעגאַנגען צו די יוגנטלעכע און האָט געגעבן אַ פֿאַראָרדענונג.

— צוגייט זיך, שטעלט זיך אף די ווינקלעך פֿון ווילנער גאַס, אַפֿן צווייטן קוואַרטאל. יעדערער זאָל האָבן אין קעשענע צו צוויי שטיינער. און אף דער ערד זאָל אויך זיין צו עטלעכע שטיינער, און דו, איזיא, קום מיט מיר.

זיי זיינען אַוועק.

— דו גיי הינטן. באלד וועט שלוימקע אַוועק פֿון בירזשע. גיכער פֿאַר אלץ וועט נאָך אים אַוועק דער שפּיק. אַפֿן ראָג פֿון ווילנער גאַס וועל איך אים פֿאַרלויפֿן דעם וועג און וועל אים אונטערשטעלן אַ פּיסל. וועט ער פֿאַלן איז אַוואַדע גוט, וועט ער ניט פֿאַלן, זאָלסטו צולויפֿן צו אים און ארייַנשיטן אים אין די אויגן אריין דיין פעקל שמעק-טאַבאק. און נאָכדעם וועלן אונדזערע יאַטעס דעקן אים מיט שטיינער.

באלד איז שלוימקע אַראָפּ פֿון בירזשע. ער איז אַוועק אי-בערן טראָטואַר פֿון ווילנער גאַס.

און, אקוראַט, ווי זיי וואָלטן צווישן זיך אָפּגערעט, איז דער שפיק אַוועק נאָך אים.

אַפֿן ראָג פֿון ווילנער גאַס איז מוישקע געשטאנען און גע-וואַרט אַף שלוימקען און דעם שפּיק. ווי נאָר שלוימקע איז דורכגע-גאַנגען און האָט פֿאַרקערט אין אַ צווייטער גאַס, האָט זיך מוישקע אַראָפּגעריסן פֿון זיין אָרט, איז אומבאמערקטערהייט אונטערגע-לאָפֿן צום שפיק אַזוי, אַז דער שפּיק האָט זיך פֿאַרשעפּעט אָן זיין פֿוס. דער שפּיק האָט זיך אַ דריי געטאָן. האָט זיך עטלעכע מאָל אַ וואַקל געטאָן און איז ניט געפֿאַלן.



— יאסן צו דער ארבעט!

— און פיר יאסן האבן גענומען דעקן מיט שטיינער.

— צום טײוול, וואָס דרײסטו זיך אונטער די פֿיס! איך דריי דיר אַראָפּ דעם קאָפּ.

— וואָסי דיר געפֿעלט ניט, שפּיק, איז אונטערגעפֿלויגן איזיא און האָט אים אַרײנגעליאַפּעט אין פּאָנים אַרײן אַ גאַנצן הויפֿן שמעקטאַבאַק.

— אײ! האָט ער אַ געשריי געטאָן, קאַנאַליע! אין דר'ערד זאָלסט איר גײן: ער האָט אַרויסגענומען פֿון קעשענע אַ פּײפֿל און האָט שוין געוואָלט אָנהויבן צו פּײפֿן, עס זאָלן זיך צונויפֿלויפֿן גאָראָדאָוויעס, נאָר מוישקע האָט געגעבן אַ געשריי:

— יאַטן צו דער אַרבעט.

און פֿיר יאַטן האָבן זיך אָפּגעריסן פֿון זייערע ערטער, זײנען צוגעלאָפֿן צום שפּיק און האָבן אים גענומען דעקן מיט שטיינער.

— נאַ, שפּיק, וועסט ווייטער וויסן, ווי נאָכצושפּירן אונדזערע יאַטן.

— פֿאַרקויפֿטע נעשאָמע!

— פֿאַרשוואָלענער כאַזער!

— נאַ! נאַ! נאַ! . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

אַף מאָרגן איז אַף דער פֿאַבריק געווען לעבעדיק. די עלטערע אַרבעטער האָבן לאַכנדיק דערציילט, ווי זיי האָבן פֿון ווייטן פֿון דער בירזשע געזען, ווי דער שפּיק האָט זיך געוואַלגערט אַף דער גאַס, און די יונגע כעוורע האָבן אים געדעקט מיט שטיינער.

פֿון דאַן אָן איז שוין איזיא און זײנע איבעריקע כאַווייריםגעווען אַף דער בירזשע ווי אייגענע מענטשן.



# אינהאַלט

